# מיט געזאנג צום קאמף

## לידער פאר געזאנג און פיאנע

צוזאמענגעשטעלט און באארבעט

פון

**יעקב שייפער**



פארלאג
אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן
80 פינפטע עוועניו, ניו יאָרק

# אינהאלט:



---

# פאָרוואָרט

דאָס זאמלבוך נעמט אריין א טייל פון דעם לידער מאַטעריאַל וואס איז פאַר דער לעצטער צייט געזונגען געוואָרן פון אונזערע כאָרן, קינדער שולן, אָפּרו פלעצער (קעמפּס), אוף דעמאָנסטראציעס, א. א. וו. ס'ווערן דאָ ניט אריינגענומען די גרעסערע און קאָמפּליצירטערע ארבעטן, מיט וועלכע אונזערע כאָרן האָבן זיך באנוצט, אויסער אַ פּאָר אויסצוגן, וואס קאָנען לייכט אויסגענוצט ווערן.

דאָ קאָן קיין רייד ניט זיין פון אקאדעמישער קלאסיפיצירונג פון די לידער. ווייל באַ איצטיקע אומשטענדן פון פארשארפטע קלאסנקאמפן, ווען אונזערע קינדער גייען אוף דער „פּיקעט ליין" און דעמאָנסטראציעס צוזאמען מיט זייערע עלטערן, זינגען אלע פאראייניקט איין קאמף ליד. דער פּאָליציי-שטעקן קלאפּט איבער אלעמענס קעפּ צוגלייך. אַ גרויסע צאָל לידער זיינען סאָוועטישע—אָריגינעל אידישע, אָדער איבערזעצט פון רוסיש. ס'גייען אריין א פּאָר ענגלישע לידער, וואס זיינען פּאָפּולער צווישן די ארבעטנדיקע מאסן פון די פאראייניקטע שטאַטן און אויך אַ פּאָר אָריגינעלע קאָמפּאָזיציעס.

דער טעקסט אונטער די נאָטן איז געשריבן מיט לאטיינישע בוכשטאַבן. די אויסלייגעכץ איז די אלגעמיין אָנגענומענע, אויסער א פּאָר ענדערונגען וואָס זיינען צוגע-פּאַסט מער צו די ענגליש רעדנדיקע. צום ביישפּיל: „ש" איז "sh", „צ" איז "tz", „ז" איז "z", „וו" איז "v".

דאָס בוך קאָן גענוצט ווערן פאר: 1. כאָרן פון דערוואַקסענע. 2. קינדער-שולן. 3. זומער קעמפּס. 4. ארבעטער היימען. 5. סאָלאָ זינגער.

פאראַן א גרויסע נאָכפראגע פאר סאָלאָ לידער. איז כדאי צו באמערקן, אז די וואס ווילן זינגען סאָלאָס פאר די ארבעטער, דארפן ניט נעמען קיין ביישפּיל פון די אָפּערא „סטארס", נאָר קענען נוצן דעם מאטעריאל וואס געפינט זיך אין דעם בוך. מע דארף דאָס ליד אליין גוט איינזינגען, פאָרזינגען פאר'ן עולם און טאקע באלד דאָס איינ-זינגען מיט'ן עולם. און דאָס זיינען די גרעסטע נוצן וואס א סאָלאָ זינגער קען אונז ברייגגען. א גוטער פיאניסט קען טראנספּאָנירן און דאָס צופּאַסן צום „רעגיסטער" פון זינגער.

מען קען אויך די צוויי-שטימיקע לידער וואס זיינען פאראנען אין בוך, צופּאסן פאר א פיר-שטימיקן כאָר. מע דארף ניט מער ווי צוגעבן דאָ און דאָרט א פיר-שטימיקן סוף אקאָרד און דאס שאפט שוין די אילוזיע פון א פיר-שטימיק ליד. די הארמאָניע איז פאראן אין פיאנא אקאָמפּאנימענט.

יעדער דיריגענט קען די 4 שטימיקע לידער צופּאסן פאר צוויי-שטימיקן אָדער איין-שטימיקן געזאנג. מען קען אויך די צוויי-שטימיקע לידער וואס זיינען פאראנען אין בוך,צופּאסן פאר א פיר-שטימיקן כאָר. מע דארף ניט מער ווי צוגעבן דאָ און דאָרט א פיר-שטימיקן סוף אקאָרד און דאָס שאפט שוין די אילוזיע פון א פיר-שטימיק ליד. די האַרמאָניע איז פאראן אין פיאנא אקאָמפּאנימענט.

צום שלוס וויל איך אין נאָמען פון מוזיקאלישן ארבעטער פארבאנד דאנקען דעם אינטערנאציאָנאלן ארבעטער אָרדן פאר ארויסגעבן דאָס לידער-בוך, וואס איז אזוי נייטיק פאר אונזער באוועגונג.

זאָל דאָס בוך אויך זיין א דערמוטיקונג פאר אונזערע חברים דיריגענטן צו זאמלען און צו שאפן אָריגינעלע לידער. איך בין זיכער, אז אויב דער מאַטעריאל וועט נאָר זיין, וועט מען באלד א צווייטן לידער-בוך ארויסגעבן.

יעקב שייפער.

# „מיט געזאַנג צום קאַמף“

### (א באַגלייט-וואָרט)

### פון קלמן מרמר

דער וואוקס פון אונזער קעמפערישער ארבעטער באוועגונג שטעלט וואס ווייטער אלץ גרעסערע פאָדערונגען צו אונזערע פראָלעטארישע דיכטער, קאָמפּאָזיטאָרן און זינגער. אונזער באוועגונג באנוגנט זיך ניט מער מיט דעם געזאַנג באַ די גרויסע מאַסן ארויסטרעטונגען, באַ די מאסאָווע ארבעטער יום טובים און אונטערנעמונגען. יעדער ברענטש פון אָרדן, יעדער שול פאראיין, ארבעטער קלוב, מוטער ליג, א. א. וו., וויל האָבן געזאַנג באַ די צוזאמענקונפטן פון דער אייגענער אָרגאַניזאַציע. יעדער טייל פון אונזער באַוועגונג וויל אויך האָבן זיינע אייגענע „קרעפטן“, זינגער און דעקלאַמאטאָרן.

דאָס בוך „מיט געזאַנג צום קאַמף“, לידער מיט נאָטן, צוזאַמענגעשטעלט פון חבר יעקב שייפער, דערפילט אָט די וואקסנדיקע פאָדערונגען פון דער קעמפערישער אַרבעטערשאפט. דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן גרייט אויך צו א בוך דעקלאַמאציעס, פּאָעזיע און פּראָזעפּאָרצולייענען, דעקלאַמירן און אויפפירן אין אונזערע ארבעטער אָרגאַניזאַציעס מיטאייגענע קרעפטן.

„מיט געזאנג צום קאַמף“ איז די מאָטאָ פון אונזערע פּראָלעטארישע כאָרן. רופן און פירן די ארבעטער צום קאַמף איז דער הויפּט מאָטיוו פון אלע אונזערע פּראָלעטארישע לידער און געזאנגען.

אונזערע פּראָלעטארישע דיכטער, מוזיקער און זינגער, זוכן ניט צו פארשלעפערן און בארוישן זייערע צוהערער. דאָס זיינען אויפגאבן פאר דער בורזשואזיע. זי באנוצט זיך מיט פּאָעזיע און מוזיק, אזוי ווי מיט דער פּרעסע און ליטעראטור, צו פארפירן די מאסן, אָפּצושוואכן זייער צאָרן געגן זייערע אונטערדריקער און אָפּצוטויטן זייער מוט צום קאַמף. די בורזשואזע קונסט האָט אויך די אויפגאבע צו אמוזירן דעם הערשנדיקן קלאס, צו דינען די ליידיקגייער פאר א צייט-פארטרייב, זיי צו העלפן פארדייען דאָס עסן, זיי צו הנפענען, צערטלען און פארוויגן.

פּאָעזיע און מוזיק זיינען ניט קיין קלאסנלאָזע שאפונגען. דיכטער און מוזיקער זיינען ניט מער אומפארטייאיש ווי פּובליציסטן און רעדנער. אויב זיי דינען ניט דעם ארבעטער-קלאס, דינען זיי דער בורזשואזיע. זיי דינען איר, אָדער אלס אמוזירער, אָדער אלס פארשקלאפער — צו בארוישן דעם ארבעטער דורך קונסט, ער זאל פארגעסן אָן זיינע קלאסן אינטערעסן און ווערן א ווילנלאָזער שקלאף.

פּראָלעטארישע זינגער, אזוי ווי זייערע דיכטער און קאָמפּאָזיטאָרן, זיינען ניט קיין נייטראלע קינסטלער. זיי זיינען אליין א טייל פון דער קעמפערישער ארבעטער באוועגונג. זיי באטייליקן זיך אין אלע קאמפן פונ׳ם ארבעטער קלאס און דינען זיינע אינטערעסן אויך דורך זייער געזאנג.

דאָס פּראָלעטאריש ליד און די פּראָלעטארישע מוזיק האלטן וואַך אין דעם ארבעטער זיין עסטעטישן חוש. לאָזן אים ניט אָפּגעטעמפּט ווערן דורך שווערער מעכאַנישער ארבעט. זיי הייבן אים ארויס פון דער מאשינאָווער גלייכגילטיקייט, בארייכערן זיין פּערזענלעכקייט און פארשטארקן זיין מענטשלעכן זעלבסט-באוואוסטזיין. נאָר זייער ציל איז אלעמאָל דער זעלבער — צו רופן און פירן דעם ארבעטער צום קאַמף געגן הערשנדיקן קלאס. זיי לאכן אוים דעם קאפּיטאליסטישן שונא, זיי ווייזן אָן אף אלע זיינע שוואכקייטן און זאָגן אים פּאָראוים זיין אונטערגאנג. זיי דערמוטיקן דעם ארבעטער צום אנטשיידענעם קאַמף אָפּצושאפן די קאפּיטאליסטישע רויב-געזעלשאפט און אויפצובויען אף איר אָרט די סאָוועטן פון די וואס לעבן פון אייגענער ארבעט.

יעדע קאַמף עפּאָכע פונ׳ם ארבעטער שפּיגלט זיך אָפּ אין אירע לידער און געזאנגען. אין די ערשטע יאָרן פון דער אַרבעטער באוועגונג האָט דאָס ארבעטער ליד באוויינט די ארבעטער-נויט, געטרייסט דעם ארבעטער און אים געמונטערט צום קאַמף. איצט אין דער עפּאָכע פון מאסן-אקציעס, מאסן-קאמפן, מאסן-פּיקעטס און מאסן-דעמאָנסטראציעס, קלינגט אויך אנדערש דאָס ארבעטער-ליד. איצט באטייליקן זיך אונזערע ארבעטער-כאָרן אין ריזיקע מאסן-שפּילן, אף פארזאמלונגען פון צענדליקער טויזנטער. איצט זינגט שוין דאָס ארבעטער ליד דאָס געזאנג פון ניצחון אף א זעקסטל פון דער ערד, פון פּראָלעטארישע רויטע ארמייען, פונ׳ם „לעצטן שטרייט פונ׳ם אינטערנאַציאָנאל.“

מיר דערוואַרטן פון אונזערע פּראָלעטארישע דיכטער און קאָמפּאָזיטאָרן צו געבן דעם ארבעטער-קלאס נאָך פיל בעסערע זאכן ווי דאָס וואס זיי האבן ביז איצט געשאַפן. נאָר אויך אָט די געזאנגען, וואס ווערן דאָ געגעבן אין אָט דער זאמלונג זיינען אלע געשאפן געוואָרן אין דעם גאנג פונ׳ם קלאסנקאַמף. זיי דינען אלע דעם ציל צו פירן דעם ארבעטער „מיט געזאנג צום קאַמף“.

## אינטערנאַציאָנאַל

שטייט אויף, איר אַלע ווער ווי שקלאַפן
אין הונגער לעבן, מוז און נויט!
דער גייסט — ער קאָכט, ער רופט צום וואָפן,
אין שלאַכט אונז פירן איז ער גרייט.
די וועלט פון גוואַלטטאַטן און ליידן
צעשטערן וועלן מיר און דאַן, —
פון פרייהייט, גלייכהייט א גאַן איידן
באַשאַפן וועט דער אַרבעטמאַן.
דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשידענער שטרייט,
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל,
שטייט אויף איר אַרבעטלייט!

דער אַרבעטמאַן וועט זיין מאַמשאָלע
פאַרשפרייטן אויף דער גאַנצער ערד
און פאַראַזיטן די מאַפּאָלע
באַקומען וועלן פון זיין שווערד.
אַראָפּ דעם יאָך, גענוג געליטן,
גענוג פאַרגאָסן בלוט און שוויים,
סע בלאָזט דאָס פייער, לאָמיר שמידן
קאָל זמאַן דאָס אייזן איז נאָך הייס,
דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער, א. א. וו.

## מוטיק באַוויירים צוזאַמען

אידיש—עסטער

מוטיק, באַוויירים, צוזאַמען
שטאַרקט אין דער שלאַכט אייער גייסט!
מאַכט זיך אַ וועג דורך די פלאַמען,
קייטן פון קנעכטשאַפט צערייסט!

לאַנג האָט מען קייטן געטראָגן,
הונגער געליטן און פּיין,
זעט, עס הייבט אָן שוין צו טאָגן,
פריי דאַרף דער אַרבעטער זיין.

ווער האָט געבויט זיי די טראָנען?
מיר מיט די אייגענע הענט!
שלאָגט אָן די ביקסן מיט פּאַטראָנען,
זעצט אויף איר אָן דעם באַגנעט.

שטירצט מיט אַ מעכטיקן אָרעם
הערשער, אַראָפּ פונם טראָן.
הויך איבער זייערע קוואָרים,
זאָל ווייען פון אַרבעט די פאָן.

## פּיאָנערן מאַרש

אידיש—ש. ראָסין

לייכט רויטער שטערן
אויף וואונדער פון לענדער,
אונז, פּיאָנערן,
אַרבעטער קינדער.
ס'קומען אָן טעג שוין
פון ליכטיקער פרייד, —
רוף פּיאָנערישער
שטענדיק זיי גרייט!

לייכטע ווי ווינטן
שפּאַנען מיר, גייען,
אַרבעטער קינדער
אין אונזערע רייען.

ס'האָבן זיך טעג שוין
אויף לענדער דערוואַרט, —
רוף פּיאָנערישער:
„זיי אויף דער וואַך!“

## מוטיק באַוויירים

אידיש—פּאָמעראַנץ

מוטיק, באַוויירים, שטאָליץ קאָמונאַרן,
שטאַרקער דעם פיינט לאָמיר שלאָגן,
אויף באַריקאַדן, קעמפן ווי העלדן,
ברעכן דעם שונא, פאַריאָגן.

מוטיק באַוויירים, שטאָליץ קאָמונאַרן
דרייסטער דעם פיינט אַטאַקירן.
אויף באַריקאַדן קעמפן ווי העלדן,
קיינמאָל דעם מוט ניט פאַרלירן.

מוטיק באַוויירים, שטאָליץ קאָמונאַרן,
פעסטער דעם טראָט לאָמיר שטעלן.
אויף באַריקאַדן קעמפן ווי העלדן
מעכטיק ווי שטאָל אונדזער ווילן.

מוטיק באַוויירים, שטאָליץ קאָמונאַרן,
שפּאַנען מיט לידער און פאָנען.
אויף באַריקאַדן קעמפן ווי העלדן
וועלט, אונזער יאָמטעוו מיר מאָנען!

# קאַמיוגישער פלאַט-מאַרש

אידיש—מוני

די שטאָלענע שיפן אין רייען זיך שליסן —
נאָך זייגען אונז שלאַכטן באַשערט.
מאַטראָסן פאַראויס, און פאַראויס, קאָמיוניסטן,
אַף וואַך פון סאָוועטישער ערד!

פאַראויס איבער זוניקע יאַמים
צום רודער, אין פעלד, אין זאַוואָד
אַף פינף אָקעאַנען זאָל ווייען און פלאַמען
די פאָן פון סאָוועטישן פלאָט.

אין ברוסט פון דער שיף שלאָגן שווערע מאַשינען,
ס׳באַוועגט זיי א זיכערע האַנט.
מיר האָבן הארמאַטן און בייסיקע מינען —
א שויץ פונם ארבעטערלאַנד.

פאַראויס איבער זוניקע יאַמים, א. אַ. וו.

א יאַם קינד פאַרשטייט ניט, וואָס איז אַזוינס „ציטער"
וואָס איז אזוינס „שוואַך", אָדער „מיד",
ס׳איז ליב אונז דער שטורעם, דער פרייער געוויטער,
ס׳איז ליב אונדזער פאַראַקשנטע מי!

פאַראויס איבער זוניקע יאַמים, א. אַ. וו.

סירענען אונז רופן, און כוואַליעס אונז וויגן,
דער זייגער דעם אָפּפאָר קלינגט אויס,
אין אָפענע יאַמים אנטקעגן די זיגן,
פאַראויס, קאָמיוניסטן, פאַראויס!

פאַראויס איבער זוניקע יאַמים, א. אַ. וו.

# אַף די באַריקאַדן

אידיש—פּאָמעראַנץ

שלאָגט זיך דרייסט כאָל זמאַן לעבן איז אין אייך
שרעקן אונדז ניט קאַנאָנאַדן
פאַר דער פרייהייט לאָמיר ארבעטער-פאָלק
קעמפן אַף די באַריקאַדן. (2 מאָל)

קיין פאַשיסטן באַנדעס, שלעגער און גענגס
קענען אונדז ניט ברעכן, שאַטן,
פאַר דער פרייהייט לאָמיר ארבעטער-פאָלק
קעמפן אַף די באַריקאַדן. (2 מאָל)

אייניק ברידער, לאָמיר שנעל גיין אין שלאַכט,
גיין מיט פרייד ווי צו פּאַראַדן.
פאַר דער פרייהייט לאָמיר ארבעטער פאָלק
קעמפן אַף די באַריקאַדן. (2 מאָל)

# אַף א שטיינדל זיץ איך מיר

אידיש—פּאָמעראַנץ

אַף א שטיינדל זיץ איך מיר
און א העקל האַלט איך מיר,
איי לי איי ליו לי
און א העקל האַלט איך מיר.

ס׳איז א האַק אין האַנט בא מיר
שניץ איך שטעקעלעך פאַר דיר,
איי ל איי ליו לי
שניץ איך שטעקעלעך פאַר דיר.

און א גאָרטן פלאַנץ איך,
קעפּלעך קרויט פּארזעץ איך,
איי לי איי ליו לי
קעפּלעך קרויט פּארזעץ איך.

ווער ס׳האָט ניט פּארפּלאַנצט קיין קרויט
איז מיין גאָרטן פאַר אים גרייט,
איי לי איי ליו לי
איז מיין גאָרטן פאַר אים גרייט.

די קאַטשאַנעס זאָמל איין
לאָמיר ביידע גערטנער זיין,
איי לי איי ליו לי
לאָמיר ביידע גערטנער זיין.

ווער ס׳האָט ניט פּארפּלאַנצט קיין קרויט
איז מיין גאָרטן פאַר אים גרייט,
איי לי איי ליו לי
איז מיין גאָרטן פאַר אים גרייט.

# פרייע אַרבעט

י. באַקסט

כ׳בין א קינד פון פרייער ארבעט
שטיי איך אויף, גאַנצפרי
איז די ארבעט א באַפרייטע
איז א פרייד די מי.

רופט הודאָק מיך גיין אַף ארבעט
בין איך שטענדיק גרייט
איז די ארבעט א באַפרייטע,
ארבעט זיך מיט פרייד.

טראָט צו טראָט קינדער אָן א צאָל
היי כאַוויירים צו דער ארבעט
אַלע מיטאַמאָל.

יעדנס טאָן און יעדנס שאַפן
יעדער אויגנבליק
היי כאַוויירים אונזער ארבעט
איז פאַר אונז א גליק.

## ערדל, ערדל, שוואַרצע ערד

אידיש—פּאָמעראַנץ

ערדל, ערדל, שוואַרצע ערד
שוואַרצע ערד, שוואַרצע ערד
ערדל, ערדל, שוואַרצע ערד.

אַ ביעראָזקע וואַקסט דאָ אויס
וואַקסט דאָ אויס, וואַקסט דאָ אויס
אַ ביעראָזקע וואַקסט דאָ אויס.

וואַקסן אַף איר בלעטעלעך
בלעטעלעך, בלעטעלעך,
וואַקסן אַף איר בלעטעלעך.

אַקערט פּויער גערטעלע,
גערטעלע, גערטעלע,
אַקערט פּויער גערטעלע.

לאָזט ער אויס אַ ווינקעלע
ווינקעלע, ווינקעלע,
לאָזט ער אויס אַ ווינקעלע.

פאַר די רויטע מיידעלעך,
מיידעלעך, מיידעלעך
פאַר די רויטע מיידעלעך.

שמידן אויס די אינגעלעך,
אינגעלעך, אינגעלעך,
שמידן אויס די אינגעלעך.

רויטע סערפּן העמערלעך
העמערלעך, העמערלעך,
רויטע סערפּן העמערלעך.

## איבער לענדער, איבער יאַמים

אידיש—טקאַטש

איבער לענדער, איבער יאַמים — אַ-אַך
אונטער קאַפּיטאַל
שאַלן בלוטדורשטיק טרומפּייטן
אַ מילכאָמע שאַל.

וועלן מיר כאַווײרים מוטיק אַ-אַך!
אַלע גייען אין קריג
און באַשיצן די סאָוועטן
אונזער רעפּובליק.

אַרבעטער פון אַלע לענדער אַ-אַך!
מיר פון איבעראַל
אַלע וועלן מיר זיך שלאָגן
נעגן קאַפּיטאַל.

## רויט-אַרמייער מאַרש

אידיש—פּאָמעראַנץ

ראַז, דוואַ, ליעוואוי,
ראַז, דוואַ, ליעוואוי,
מיר אַרבעטער סאָלדאַטן
פון רויטער וועלט-אַרמיי
מיט לידער יונגע יאָטן
פאַראויס שפּאַנט איינס און צוויי.

היי, ראַז, דוואַ, ליעוואוי
ראַז, דוואַ, ליעוואוי
באַזינגט אָט די גאַזלאָנים
סאָוועטן-רעפּובליק
איר אָפּהיטן פון סאָנים
וועט יונגער באָלשעוויק.

היי, ראַז, דוואַ, ליעוואוי
ראַז, דוואַ, ליעוואוי
אין אינדיע, אָדער כינע
אין דערפער, אָדער שטעט
זאָל לעבן די קאָמונע
דער אַרבעטער-סאָוועט.
היי, ראַז. דוואַ, ליעוואוי,
ראַז, דוואַ, ליעוואוי.

## די יונגע גוואַרדיע

אידיש—מוני

דעם העלן טאָג אַנטקעגן,
כאַווײרים, קומט אין שטרייט!
מיט מוט אַף נייע וועגן,
ניצאָכן איז ניט ווייט!
מיט מאַכט פאַראויס און פעסט די טריט
איר, יונגע, קומט אונז אַלע מיט —
מיר גייען, די יונגע גוואַרדיע,
פון פראָלעטאַריאַט!

מיר היטן אין זיקאָרן
דעם טאַם פון אַלטער וועלט,
דעם פּיין פון קינדער-יאָרן
פון הונגער און פון קעלט.
די קייט, וואָס האָט דעם טראָט געשטערט,
מיט יעדן טאָג צעריסן ווערט —
מיר גייען, די יונגע גוואַרדיע
פונם פראָלעטאַריאַט!

## רויט-פראָנט

אידיש—א. קורץ

לינקס, לינקס, לינקס, לינקס
דער רוף אין די פייקלען וויברירט
לינקס, לינקס, לינקס, לינקס
די ארבעטער געגנט מארשירט,
דאָ העלפט ניט קיין קונץ-שטיק, מיר זאָגן דאָס שארף
מיר האָבן איין לאָזונג, נאָר קלאסנקאמף
מיט בלוטיקן, קעמפערישן ליד.
מיר בעטלען ניט מער קיין גערעכטיקייט
פאר לעצטער אטאקע מיר שטייען שוין גרייט
צו פארניכטן בורזשוי, פאראזיט.

רויטער וועדינג, גריסט אייך כאווײרים
האלט אייער פויסט אָנגעגרייט,
האלט פעסטער די רייען, די רויטע געשלאָסן,
ווייל אונזער זיג איז ניט ווייט,
עס דראָען אונדז די פאשיסטן,
מוז שטארקער נאָך ווערן באטאָנט,
פראָלעטאריער, גרייט אָן די ביקסן
ראָט—פראָנט, ראָט—פראָנט,

לינקס, לינקס, לינקס, לינקס,
קעגן פאשיסט פּאָליציי
לינקס, לינקס, לינקס, לינקס,
מיר גדענקען דעם וועדינגער מאַי,
די בלוטיקע מייסעס פון הערשנדן קלאס
וועט ניט פארגעסן קיין וועדינגער גאס
און די שאנדע פון דער עס. פּי.
זיי דרייען די צינגער אהער און אהין,
נאָר מיר וועלן קעמפן פאר רויטן בערלין
אוואנגארד פון דער רויטער ארמיי.
רויטער וועדינג, א. א. וו.

לינקס, לינקס, לינקס, לינקס,
עס פלאטערט פאראויס אונזער פאָן ;
לינקס, לינקס, לינקס, לינקס,
דער רויטער וועדינג קומט אָן,
ווען אונזער געזאנג איבער די גאסן ברויזט
ציטערט דער סוינע פאר ארבעטער פויסט,
ווייל דער ארבעטער קלאס האָט דערוואכט,
מיר שטירצן די זיילן פון רויבערשן שטאט
און גרינדן די הערשאפט פון פראָלעטאריאט.
כאווײרים, קעמפט אוים אייער מאכט.
רויטער וועדינג, א. א. ז. וו.

## אין דער ערד אריין

אידיש—פּאָמעראַנץ

געוועזן אמאָל א דייטשער קריג
געטריבן זעלנער האָט דער צאר אין שלאכט,
האָט מען דאן געטאָן א טראכט
עפּשער דארף מען ניט קיין צאר.
עך, מא, איז ניט צייט
אין דער ערד זאָל ער אריין,
נו און אריין.

געוועזן אמאָל אָ בירגערקריג
געבושעוועט די באנדעס פון אנטאנט
האָט מען געמאכט א באשלוס
יאָגן זאָל מען אים דעם פיינט,
עך מא, איז ניט צייט
זיי זאָלן אלע אין דער ערד אריין
נו, און אריין.

אוועק איז שוין דער דייטשער קריג,
אוועק איז שוין דער בירגערקריג
און אין מאמע אונזער לאנד
געפינען שעדיקער זיך היינט,
עך מא, איז ניט צייט
אויך פאר זיי אין דער ערד אריין,
נו און אריין.

געוועזן אמאָל א דייטשער קריג,
געוועזן אמאָל א בירגערקריג,
איצטער גייט א נייער קריג
אף דעם פארשטעלטן פיינט,
עך מא איז ניט צייט
אין דער ערד זאָל ער אריין
נו און אריין.

## פארמוטשעט אין פינסטערער טפיסע

אידיש—א. קאָוונער

פארמוטשעט אין פינסטערער טפיסע
אין קאמף פאר דער ארבעטער-מאכט,
באגעגענט דעם טויט האָסטו העלדיש
ביסט ערלעך געפאלן אין שלאכט.

ניין, סינע נאָר האָט אונז געוואָרגן,
געטריבן אין שלאכט האָט אונז מוט —
באַם קייווער מיר האָבן געשוואוירן
באצאָלן דעם פיינט פאר דיין בלוט.

פאר אונז איז נאָר איין וועג דאָ — דיינער
ווי דו, זיין אין טפיסע פארשמאכט,
אָ לעבן אליץ שטרייטן, אליץ קעמפן
און פאלן, ווי דו פאר דער זאך.

# מיר, דער קאָמיוג

אידיש—א. קאָוונער

מיר דער קאָמיוג קומען מונטער און יונג
מיר שאַפן א לעבן א נייעם,
אַלע פארשקלאפטע, פון מיזרעך און מיירעוו,
מיר וועלן פון קייטן באפרייען.

ווייט און ברייט
שאַלט טרומייט
ס׳רופט דאָס ארבעטער פאָלק,
פראָלעטאריער פון גאנצער וועלט פאראייניקט זיך.

איינגער און פעסטער מיר שליסן די רייען,
די פאָנען פון ארבעט הייבט העכער,
אַלע ווי איינער צום קאמף זיינען גרייט,
אין טפיסעס און גראטעס צו ברעכן.

ווייט און ברייט, א. אַ. וו.

לענינס געבאָטן מיט ביקס און בליי
אין לאָנדאָן מיר וועלן פארשרייבן,
שאָלעם מיר ברייגנען פאר אָרימעלייט,
פאשיסטן מיר וועלן פארטרייבן.

ווייט און ברייט, א. אַ. וו.

כוואַליעס פון קאמף שוין אָן ברעג קלאפן אָן,
שטורמישע וויכערס שוין וויען.
כאָווער, קום גיכער צו אונזער פראָנט
אין די קאָמיוגישע רייען.

ווייט און ברייט, א. א. וו.

# וויגליד

ס׳האָט דאָס ווינטל זיך געשטילט,
אָוונט האָט די ערד פארהילט,
שטערנדלעך מיט זייער שיין
ווינקען דיר, שלאָף איין, שלאָף איין.

פארן גוירל שרעק זיך ניט.
איך, דיין מאמע, איך דיך היט.
איך, דיין מאמע, זינג דיר צו
איי ליו, ליו, ליו, ליו.

ווער עס ווייסט פון נויט און פיין
דארף די נאכט א רו אים זיין,
אַלץ וואָס אָטעמט אף דער ערד,
שלאָפט שוין זיס און אומגעשטערט.

ס׳דרעמלען פייגל, בלום און ווינט,
רו און שלאָף דו אויך מיין קינד ;
איך וועל אָפּהיטן דיין רו
איי ליו, ליו, ליו, ליו.

# א צאם

אידיש—פּאָמעראַנץ

דראָנגען האקן מיר אָן
דראָנגען האקן מיר אָן
האקן דראָנגען
שלאָגן איין זיי אין דער ערד
שלאָגן איין זיי אין דער ערד
און וואָס שטארקער.

צווייגן רייסן מיר אָן
צווייגן רייסן מיר אָן
און וואָס לייגנער.
פלעכטן מיר אוים א צאם
פלעכטן מיר אוים א צאם
און וואָס העכער.

גראָבן מיר אוים די ערד
גראָבן מיר אוים די ערד
און וואָס טיפער.
און פארזעצן דאָרט פרוכט
און פארזעצן דאָרט פרוכט
און פאַרזעצן.

און פארזייען דאָרט גרינס
און פארזייען דאָרט גרינס
און פאַרזייען.
וועלן אויסוואקסן פרוכט
וועלן אויסוואקסן פרוכט
וועלן וואקסן.
וועלן אויסוואקסן גרינס
וועלן אויסוואקסן גרינס
וועלן וואקסן.

# עפנט טירן

פערעץ מארקיש

עפנט טירן, קומט אינדרויסן
רייסט די פענסטער, ברעכט זיי אויס,
נעמט אריין דעם גאסט דעם גרויסן,
קומט אנטקעגן אים ארויס.

ס׳איז היינט יאָמטעוו אין די גערטנער,
אף די גאסן אומעטום,
ס׳איז היינט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר ווי די צווייגן טרישטשען
און דער טייך ווי שרייט און ברומט ;
הערט נאָר פייפן, הערט נאָר סווישטשען
קומט אינדרויסן, גיכער קומט.

# אַ שוסטערל

(אַ פאָלקליד)

צי ווייסט איר ווער איך בין (בים)
איך בין, איך בין, איך בין
צי ווייסט איר ווער איך בין.
און באלד וועל איך אייך זאָגן (בים)
זאָגט זשע, זאָגט זשע, זאָגט זשע גיכער
זאָגט זשע, זאָגט זשע באלד, באַלד, באַלד (בים)
אַ קליין שוסטערל (בים)

צי ווייסט איר מיט וועמען איך ארבעט (בים)
איך ארבעט, איך ארבעט, איך אַרבעט
צי ווייסט איר מיט וועמען איך ארבעט ? (בים)
און באלד וועל איך אייך זאָגן (בים)
זאָגט זשע, זאָגט זשע, זאָגט זשע גיכער
זאָגט זשע, זאָגט זשע באלד, באַלד, באַלד (בים)
מיט דריי לערן אינגעלעך. (בים)

און ווייסט איר וואָס זיי קענען ? (בים)
זיי קענען, זיי קענען, זיי קענען,
צי ווייסט איר וואָס זיי קענען ? (בים)
און באלד וועל איך אייך זאָגן (בים)
זאָגט זשע, זאָגט זשע, זאָגט זשע גיכער
זאָגט זשע, זאָגט זשע באלד, באַלד, באַלד (בים)
איינער קען כאָכמע זאָגן,
דער אַנדערער קען טשוועקעס שלאָגן
און דער דריטער כאַסענע האָבן (בים)

און ווייסט איר וועמען ער נעמט ? (בים)
ער נעמט, ער נעמט, ער נעמט
צי ווייסט איר וועמען ער נעמט (בים)
און באלד וועל איך אייך זאָגן (בים)
זאָגט זשע, זאָגט זשע, זאָגט זשע גיכער
זאָגט זשע, זאָגט זשע באלד, באלד, באַלד (בים)
דעם שניידערס טעכטערל. (בים)

און ווייסט איר וויפל נאָדן ער נעמט ? (בים)
ער נעמט, ער נעמט, ער נעמט
צי ווייסט איר וויפל נאָדן ער נעמט ? (בים)
און באלד וועל איך אייך זאָגן (בים)
זאָגט זשע, זאָגט זשע, זאָגט זשע גיכער
זאָגט זשע, זאָגט זשע באלד, באלד, באַלד (בים)
פופציק קערבעלעך. (בים)

פופציק זאָגט מען
פערציק מיינט מען
דרייסיק ציילט מען
צוואַנציק גיט מען
צען קערבלעך איז ניטאָ.

# קאַרטאָפל ליד

לאָמיר אויסזינגען אַ לידל
ווי אין לאַגער איז געווען
אַף דער זון מיר פלעגן ליגן
ווי די קעצלעך זיך געברענט.

אַ ראַכמאָנעס אַפן בייכל
ס׳וואַקסט און וואַקסט דער אַפעטיט,
אַפן מיטאָגדיקן מייכל
זיך דערוואַרטן קען מען ניט.

פלאַקערט פייער, צווייגלעך קנאַקן,
פליען פונקן פון דעם פלאַם
און קאַרטאָפעלעך געשמאַקע
קיצלען נאָז מיט זייער טאַם.

איי קאַרטאָפל פאַר פּיאָנערן
ביסט אַ כאַווער, ליב און טריי
זיין מיט דיר אין וועג אין שווערן
איז פאַר אונז אַ קיי און שפּיי.

איי קאַרטאָפעלעך צו קייען
איז שוין איינמאָל אַן אַנטיק,
אַלע זאָגן סאַ מעכאַיע
אַלע זאָגן סאַראַ גליק.

# אָ, ערדעלע!

י. דאָבראָשין

אָ ערדעלע, דו ערדעלע,
שוואַרץ ערדעלע, דו מיין,
וואָס וועסטו דאָ מיין ערדעלע
וואָס וועסטו דאָ מיר זיין ?

צי זיין וועסטו מיר ערדעלע
אַ היים אין פרייען לאַנד
און היטן מיך און פיטערן
פון פולער ברייטער האַנט ?

צו זיין וועסט מיר אַ פריינטעלע
אַף לאַנגע, לאַנגע יאָר
ווען זייען כ׳וועל מיין היינטעלע
זאָל מאָרגנס אויפגיין קלאָר ?

היי, ערדעלע, דו ערדעלע,
שוואַרץ ערדעלע דו מיין,
איך בין דאָ מיט דיר מיין ערדעלע
אַף ליידן און אַף זיין ?

## אַוויאַ מאַרש

אידיש—א. קאָוונער

מיר קומען גרייט
אין וואָך פארוואנדלען טרוימען.
פארשטאַנד האָט פרייד,
געשאָנקען אונזער דאָר
מיט פליגלען הענט
באַקעמפן אַלע רוימען
אָנשטאָט א האריץ, א פלאמיקער מאָטאָר.

אַלץ העכער און העכער און העכער
מיר פליען אַף פויגלען פון שטאָל
און יעדער פראָפעלער זינגט זיכער
א קאמפליד פון ארבעטער פאָלק. (2)

מיט יעדן שוואונג
פון אפאראטן לופטן
מיט יעדן קלונג
פון וואונדער-דרייסטן טראָט,
מיר זאָגן אָן
ס'ווערט שטארקער אונזער לופט-טראָט
אין וועלט דער ערשטער פראָלעטאריער בלאָט (2)
אַלץ העכער, א. אַ. וו.

מיט יעדן קער
באַשיצן מיר די ראטן
ס'איז יעדער נערוו
אין זיכערקייט געקליידט,
אַף סוינעס יעדן פרעכן אולטימאטום
האָט רויטער פלאָט אַן ענטפער שטענדיק גרייט,
אַלץ העכער און העכער, א. אַ. וו.

## אַף די גערטנער

אַף די גערטנער, אַף די פעלדער,

הער איך זיסע שטימען זינגען
ווי די פרייע, בלויע וועלן
רוישן, גיסן זיך און קלינגען.
אין א פרישן קראַנץ פון זאנגען
פריי פון טרויער און פון קומער
אַף די טאָלן, אַף די פעלדער
שוועבט דער שיינער ליבער זומער.

אַף די ביימער וועלכן שטייען
שוין באוואקסן און באהאנגען
און די פרייע גרינע פעלדער
וואו די הויכע שיינע זאנגען.
ביינן אָן די שטאָלצע קעפלעך
איינס צום אנדערן און זשומען:
אַך, ווען וועלן זיי, ווען וועלן
שוין צו אונז די שניטער קומען.

## אין רויטן האַלדזוטוך

אין רויטן האלדזטוך וועלט באַנייען,
פיאָנערן שטעלן טריט,
די גאנצע וועלט פון יאָך באַפרייען
און מיר דונערן א ליד.

פויקט טאַראַראַם, פויקט טאַראַראַם
פויק אין ריי א שורע
היי פראָלעטארישע אָטריאַדן
שפּאנט און גייט
קומט און גייט
מיט פיאָנערישן שפּאַן.
אין יעדן טאָג, אין יעדער יאָר,
מיר אַלע גרייט
מיר שטענדיק גרייט,
מיר קינדער, קינדער
פון דער נויט.

פאַר אונז געוואונען האָבן אַרבעטער
א זעקסטל ביילעק פון דער ערד,
וואָס אָטעמט פריי די מאַכט פון סאָוועט,
די מאַכט פון ראטן אַף דער ערד.
פויקט, טאַראַראַם, א. אַ. וו.

## שטייען יאַטן

איציק פעפער

שטייען יאַטן, שטייען יאַטן
מיט אַרבל פארקאַטשעט אין רויך פון ווארשטאַטן
מיט ערנסט פון שטאָל שטייען יאַטן.

פון גאנצפרי ביז פארנאכט און בייטאָג
און ביינאכט און באגינען
לויפן הענט, לויפן פיס, לויפן לייבער
אין פריילעכן טאנץ פון מאַשינען.

איז דער בליק ניט פארבלענדט.
נאָר דאָס לייב איז פארברענט.
נאָר דער דרויסן איז באַרווים.
שטייען יאַטן מיט אַרבל פארקאַטשעטע
אין רויכן בא כורוועס.

לויפן הענט, לויפן פיס, לויפן לייבער
נאָך גיכער פון היינטיקע יאָרן.
מען בויט און מע גייט און מע פרישט
אונזער לאנד מיט שטאָל און מיט קאָרן.

# אָפּגעשמיסן אַ קאַפּיטאַליסט

אייזיק פּלאטנער

לעבעדיק און לוסטיק און שפּילט אונז צו
טרא-לא-לא, טרא-לא-לא,
קיין אייראָפּע איז געפלויגן אן אמעריקאנער בורזשוי
בו-בו-בו, בו-בו-בו
מיט גרויס פּאראד, מיט טויזנט זאכן
פון סאָוועטן א טעל צו מאכן
כא-כא-כא, כא-כא-כא.

מיט א גאָלדענעם געשפּאַן אין א נייעם עראָפּלאן
טרא-לא-לא, טרא-לא-לא
די סוידעס מיט פּלאן אין א גוטן טשעמאָדאן
בו-בו-בו, בו-בו-בו
מיט ענגלאנד און פראנצויז צוזאמענגענומען
צו מאכן אף סאָוועטן-פּארבאנד א מילכאָמע
כא-כא-כא, כא-כא-כא.

קאָמוניסטן אינדערלופטן, פּיאָנערן אף דער ערד
טרא-לא-לא, טרא-לא-לא
און דער כאווער אוויאטאָר איז שוין גאָרניט קיין פערד
טרא-לא-לא, טרא-לא-לא
דער שאָפער איז געווען א גוטער קאָמוניסט
און האָט אָפּגעשפּילט א שטיקל דעם קאפּיטאליסט
כא-כא-כא, כא-כא-כא.

געפירט דעם עראָפּלאן אין סאָוועטן-פּארבאנד
טרא-לא-לא, טרא-לא-לא
אויסגעזוכט אין מאָסקווע די קרעמל-וואנט
טרא-לא-לא, טרא-לא-לא
די מאָסקווער פּיאָנערן האָבן גלייך פארשטאנען
און אונטן זיינען יאטן שוין גרייט געשטאנען
כא-כא-כא, כא-כא-כא.

גענומען דעם בורזשוי אפן צימבל געשמאק
טרא-לא-לא-לא, טרא-לא-לא
מיטן הינטן צום הימל, צו דער ערד מיט דער באק
בו-בו-בו, בו-בו-בו
מיט שיך און מיט לאפּטשעס האק און קנאק
דערלאנגט דעם בורזשוי א ריכטיקן פּסאק
כא-כא-כא, כא-כא-כא.

דעם בורזשויטשיקל געשמאק ארייננעשמיסן
טרא-לא-לא, טרא-לא-לא
דאָס פּעקל מיט פּלענער און פּאפּיר צעריסן
בו-בו, בו-בו-בו
רויטע ארמייער געשטעלט אף דער וואך
און דאָס איז דער סאָף פון דער גאנצער זאך
כא-כא-כא, כא-כא-כא.

# פון פרימאָרגן ביז אָוונט

אייזיק פּלאטנער

אויפשטיין

צייט שוין קינדער אויפצושטיין.
אָנטאָן, וואשן זיך די ציין.
שלאָפן, שעמט זיך, פע, ניט שיין,
צייט שוין קינדער אויפצושטיין.
טרא לא לא, טרא לא לא.

עסן

צייט שוין קינדער עסן גיין.
נאָר ניט טומלען, נאָר ניט שרייען,
נאָר ניט לויפן דאָ און דאָרט,
שטיל זיך זעצן אף אן אָרט.
טרא לא לא, טרא לא לא.

ארבעטן

צייט שוין צו דער ארבעט גיין,
ליידיק טאָר מען זיך ניט דרייען,
פוילע, די וואס כאפּן פליגן,
דארפן עסן אויך ניט קריגן.
טרא לא לא, טרא לא לא.

העלפן

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען,
און אביסל צוגעזונגען,
ווער עס האָט אליין צו עסן,
דארף כאוויירים ניט פארגעסן.
טרא לא לא, טרא לא לא.

לערנען

לערנען, שפּילן און געניסן,
ווי צו קעמפן דארף מען וויסן,
ווי דעם שונא צו דערקענען:
אזוי האָט אונז געלערנט לענין.
טרא לא לא, טרא לא לא.

שלאָפן

אז דער טאָג איז שוין אריבער,
קומט דער אָוונט אָן, דער ליבער:
מאכט די בעטלעך שיין און ריין.
צייט שוין קינדער שלאָפן גיין.
טרא לא לא, טרא לא לא.

# ניטגעדייגעט ליד

ב. פענסטער

אין אונזער קעמפּ ניטגעדייגעט
זיינען מיר אלע יאטן און כאוויירים
ארבעט און קאמף האָט פארברידערט,
זאָרג און נויט האָט אונז באפרייט,
קומען מיר אהער פון שטאָט און שאפ
היי כאוויירים, זינגען מיר א ליד
און אָט איז דאָס ליד:
ניטגעדייגעט, ניטגעדייגעט, א. א. וו.

## אונזער שול

סאַרע פעל יעלין

אונזער שול, אונזער פעסטונג,
דאָרטן זאמלען מיר געווער
אין שטיף און שפילן
וואקסט אונזער ווילן.
צו זיין א רויטער פּיאָנער
שארפע קעפּלעך,
שטארקע גלידער,
אומדערשראָקן, שטענדיק גרייט
און הענטלעך יונגע מיט זעלנער לידער
מיר הויבן אָן פון מאָרגן רויט.
ס׳רייפט אין הערצלעך שטארקער גלויבן
אין א וועלט מיט פריידן פול
מיר ווערן שטאָלצער, מיר ווערן זיכערער
אין אונזער פעסטונג, אונזער שול
פעסט און בראוו ווי פּיאָנערן,
סערפּ און האמער אין דער האנט
צו צוקונפט העלע מיר גייען שנעלער
צו ליכטיק רויטן וועלט-פארבאנד.

## צום זיג

י. א. ראַנטש

עס הערט זיך א מעכטיקער רוף אומעטום
פון ארבעטער קעמפער, פון שלאכטיקן פעלד
א רוף פון ארמייען, א צאָרנדיק געברום
צעטראָגט און צעשפּרייט זיך ארום און ארום.
„מיר וועלן צעשטערן דעם פיינט אומעטום,
מיר וועלן באפרייען, באנייען די וועלט.“

דאָס לעבן איז ביטער, דער היינט אזוי האַרט,
דער נעכטן געבראכט האָט אונז הונגער און נויט.
די קעמפער געטרייעסטע אין טפיסעס פארשפּרייט
די הענט האָרעפּאַשנע בארויבט און גענאַרט.
נאָר ס׳ביילט זיך די פויסט און דערצאָרנט זי ווארט
צו הייבן די פאָן וואס וועט פלאַטערן רויט.

פאָראויס פּראָלעטאריער פון שאפּ און באַבריק
אין שלאכט מיטן סוינע קיין שפאַן ניט צוריק,
ס׳ווערן די מאסן באפרייט,
עס שפּאַנען פון דאנעט, פון נאָענט און פון ווייט
די קעמפער די בראווע צום זיג.
עס ווערן די ארבעטער שקלאַפן באפרייט,
מיר שפּאַנען פון דאנען צום זיג.
צום זיג, צום זיג פאָראויס!

## מארש רויטארמייער

קוויטקאָ

רויט ארמייער, באָלשעוויק
פירט מילכאָמע קעגן קריג
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע
מיט בורזשוי און בירזשעוויק
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע
פירט צום גרויסן זיג.

רויט ארמייער, באָלשעוויק
קעמפט פאר פּראָלעטאריש גליק,
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע
פאר די קינדערס פרייען בליק.
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע
פירט צום גרויסן זיג.

## דער פריסטער און דער נאַר

פריסטערס האלטן דראָשעס אומעטום
אין גאָטס נאָמען הייסט מען אונז זיין פרום,
ליידן מיר הונגער, ליידן מיר נויט,
ווילן מיר עסן, מאָנען מיר ברויט.

רעדן אונז איין עס וועט זיין
אין גאן איידן פרישע ברויט און וויין
און דערווייל שטייט אין ליין,
עס וועט זיין אין גאן איידן טאָרט און וויין.

איידער מיר דערזען א פּאָר סענט
רייסט מען עס אוים פון אונזערע הענט;
פריסט און פּריטשער, יעדער שווינדלער נעמט
ביז מען טוט אונז אוים דאָס לעצטע העמד,
רעדן אונז איין, א. אַ. וו.

שאפן פאר רייכע און ניט פאר זיך,
שטייט מען אין ליין פאר דער טיר בא דער קיך;
פרעסן די רייכע, ס׳פּלאַצט זיי דער בויך,
וואָלט מען דערלאַנגט כאָטש אביסל אונז אויך.
רעדט מען אונז איין, א. אַ. וו.

פון דעם גרעסטן ביז דעם קלענסטן קינד
וואָס מיר טוען אף דער ערד איז זינד;
שטראָפט דער גאָלעך און עס מאָנט דער ראָוו
און בעשאס מיר צאָלן אונזער שטראָף
רעדט מען אונז איין, א. אַ. וו.

## מאשינען געזאַנג

ר. באַיאַרסקי

גלינגלט זייגער,
גלינג גלאנג גלאָן
אויסגעלאָשן
שוין דער לאָמפּ.
שאַ, שאַ, שטילער
שטילער שטיפער,
אָט קומט אָן
דער שלאָף דער טיפער
רו זשע, שלאָף זשע,
שלאָף ביז טאָג
ביז ס׳נעמט הודזשען
דער הודאָק.
הו-הו-הו-הו
הו-הו-הו-הו
הו-הו-הו-הו
הו-הו-הו-הו

אין פאבריק שוין
פון באגינען
טשיק-טשאק טשיק-טשאק די מאשינען.
טיק, טאק, טיק, טאק
האַמערס קלאפּן
פּיך, פּעך, פּיך פּעך
דאמפּערס סאָפּען
דין דאן, דין דאן
אייזנס קלינגען
דזשין, דזשין, דזין, דזין
זעגנס זינגען,
שלאָף זשע קינד מיינס,
שלאָף געזונט,
הער די זעג
זי זינגט, זי זינגט.
דינג, דינג, דינג, דינג
דזין, דזין, דזין.
דזין, דזין, דזין, דזין
דזין, דזין, דזין.

## בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס

פון א. פּעפּער

איבער שטעט און דערפער גייען שווארצע וואָלקנס
פאָרן אויף די פראָנטן בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס.
פון דערפל און פון שטעטל, פון נאַקעט און פון הורבות
בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס, הונגעריק און באָרוועס.
פון אַלע זייטן שפּארן וורַאנגעל און פּעטליורע
זיינען קאָמסאָמאָלקעס אפן פראָנט געפאָרן;
ווארעם זיינען הערצער, ווארעם זיינען אויגן
זיינען קאָמסאָמאָלקעס אפן פראָנט געפלויגן.
וואָס איז טאַטעס ווערטער, וואס איז מאַמעס טרערן?
לענין, פראָנטן, קים און קאָמינטערן.
אפן פראָנט געגאנגען, פונם פראָנט געקומען
וויפל יאַטן הייסע, וויפל ליבע נעמען.
איבער שטעט און דערפער שווימען ניט קיין וואָלקנס
פאָרן פון די פראָנטן בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס.

## וואַכט אויף!

פון י. עדעלשטאַט

ווי לאנג, אָ ווי לאנג, וועט איר בלייבן נאָך שקלאפן
און טראָגן די שענדלעכע קייט?
ווי לאנג וועט איר גלענצנדע רייכטימער שאפן
פאר דעם, וואס באַרויבט אייער ברויט?

פריידיקט די פרייהייט פון קאמף באַריקאַדן!
דערקלערט די טיראנען א קריג!
מוט און אנטשלאָסנקייט, בראַווע קאמעראַדן,
וועלן אייך פירן צום זיג!

און אלעם וועט לעבן, און ליבן און בליען
אין פרייהייט גאָלדענעם מאַי!
ברידער! גענוג פאר טיראנען צו קניען,
שווערט! אז איר מוזט ווערן פריי!

קלינגט איבעראל אין די פרייהייט גלאָקן,
פאַרזאַמלטע די ליידנדע קנעכט!
קעמפט באַגייסטערט, קעמפט אומדערשראָקן
פאר אייערע הייליקע רעכט!

## SOLIDARITY

*(Scotch)*

DOUGLAS ROBSON

There is a word that's in the air
'Tis solidarity.
Hark, the workers everywhere
Shout, Solidarity.
'Tis the hope of every slave
From oppression it will save
'Tis the slogan of the brave
What, Solidarity.

What can make the tyrant bend?
Grim solidarity
What will conquer in the end?
Strong solidarity,
What alone has ever made
Lords of labor all afraid?
'Tis that iron palisade class solidarity.

All for one and one for all
That's solidarity.
Wage-slaves, listen to the call of solidarity,
There is naught it cannot do,
It can make the world anew,
Workingmen, it's up to you, use solidarity.

## ON THE PICKET LINE

On the line, on the line
Come and picket on the picketline,
We will shout and yell and fight like hell
Come and picket on the picketline.

If you never spent a night in jail,
Come and picket on the picketline,
You will be invited without fail
Come and picket on the picketline

On the line, etc.

If you don't like scabs and socialists and thugs,
Come and picket on the picketline
With the T. U. U. L. we will send them all to hell.
Come and picket on the picketline.

On the line, etc.

On the line, on the line,
Come and picket on the picketline,
And the energetic scab we will use him as a rag,
Come and picket on the picketline.

On the line, etc.

To win our strike and all our demands
Come and picket on the picketline,
In one industrial union we will join our hands,
Come and picket on the picketline.

On the line, etc.

On the line, on the line
Come and picket on the picketline
And the A. F. of L. we will send to hell
By a red strong picketline.

On the line, etc.

## THE PREACHER AND THE SLAVE

Joe Hill

Longhaired preachers come out every night
Try to tell you what's wrong and what's right,
But when asked how'bout something to eat
They will answer with voices to sweet:

You will eat by and by
In that glorious land above the sky,
Work and pray, live on hay
You'll get pie in the sky when you die.

And the starvation army they play
And they sing and they clap and they pray
Till they get all your coin on the drum
Then they'll tell you when you're on the bum.

You will eat, etc.

If you fight hard for children and wife
Try to get something good in this life.
You're a sinner and bad man, they tell
When you die you will surely go to hell.

You will eat, etc.

Workingmen of all countries unite,
Side by side we for freedom will fight,
When the world and its wealth we have gained
To the grafters we will sing this refrain.

You will eat, etc.

## HOLD THE FORT

We meet today in freedom's cause
And raise our voices high,
We'll join our hands in union strong
To battle or to die.

Hold the fort, for we are coming
Union men be strong
Side by side we battle onward
Victory will come.

Look my comrades, see the union
Banners waving high,
Reinforcements now appearing
Victory is nigh.

Hold the fort, etc.

Long and fierce the battle rages
But we will not fear,
Help will come whenever needed
Cheer my comrades, cheer.

Hold the fort, etc.

